# נ. ב. מינקאוו

די זייער חשובע פריינד,
דר. [illegible] און פרוי [illegible],
מיט דרך ארץ
און אכטונג,
נ. מינקאוו

# אַ שטערן בלית
## (לידער)





אַרויסגעגעבן פון
מ. וואַקסער פאַרלאַג
143 דיוויזשאַן סט.
ניו־יאָרק, 2. נ. י.

מיט דער מיטהילף
פון
דוד איגנאַטאָוו
ליטעראַטור־פאָנד

# אינהאַלט

# זונפאַרגאַנג

אין שקיעה־פאַרבן ליגט דער טייך,
ליגט אַ שטאַרבנדיקער.

אין הימל בלויען זיך די פייערדיקע שטעגן.

דער מערב טונקלט זיך אין פלאַקער פון די לעצטע שייטערס.

אין נעפלדיקן מזרח ווערט געבוירן איצט אַ שטראַלנדיקער זעגל.

היובע אָוונט־שוועלן גייען לאַנגזאַם אויף,
צעגייען.

דאָס האַרץ שטאַרבט אָפּ צווישן אָפּגעגליטע דערנער.

די לעצטע שטומע גוואַלדן פֿון גיהינום חלשן,
פֿאַרגייען.
ווערן נייע טרוימען איצט געבוירן אין אוראַלטע קערנער?

ווילדע פֿליגלען פֿון דער נאַכט פֿאַרהילן
יעדן סימן, יעדן אויפֿגעשריי פֿון טאָג.
די שׂכחה ווישט אָפּ אין די אָרום־הערצער
דאָס בחירות פֿון יעדן געטלעכן סייג.

איז אַלץ פֿאַרביי? — געשטאָרבן איז דער טאָג.
אַ הויכע ווילדע שטילקייט וואַכט און שלאָפֿט צוגלייך.
אַ וועלט פֿאַרגייט, פֿאַרשוּלדיקט און צע'קינ'ט.
און אונטן שטאַרבן אַלע האַרבעריקן אויפֿן שקיעה־טייך.

אין הויכע שוואַרצע פעלדער ציטערן די נייע שטערן.
און יעקבס דורכזיכטיק געשטאַלט גייט אום צווישן זיי
און זוכט —
אַ סימן פונעם טאָג, אַ טרער, אַ ניצוץ פון חרטה.
און זוכט און זוכט און זוכט...

אין נעפלדיקן מזרח ווערט געבאָרן איצט אַ שטראַלנדיקער
זעגל.

# די נאַכטיקע נסיעה

„דו ביסט קראַנק, דו ביסט קראַנק"
-- שרייען די רעדער —
„מסוכן, אַ חולה מסוכן.
„דיינע רעטער האָבן פאַרשפעטיקט,
„און דאָ הערט מען ניט אויף
„דיינע דורות פאַרצוקן".

די רעטער — גאָרניט פאַרשטאַנען?
געקלאַפט אינעם שולחן, געמאָנט: מיר זיינען געקומען.
אַ מידע לבנה איז אין פענצטער געשטאַנען.
און מידע זקנים האָבן זיי אויפגענומען.

די באַן רוישט אָן אויפהער. אין טיף פון דער נאַכט.

איינטאָניק ווילד. אָן שום זין. אָן שום סוף.

עס שליסן זיך לאַנגזאַם די אויגן. דאָס האַרץ עפנט־אויף
זיין גיהינום.

און חלשט אַוועק אין די תהומען פון שלאָף.

„באַרואיק זיך, רואיק, אַזוי איז באַשערט"

— קוים־קוים ווי די רעדער זשומען —

„די רעטער — זיי זיינען דאָך קיינמאָל,

„זיי זיינען דאָך גאָרניט געקומען.

פּלוצים — סכנה־גוואַלדן:

„שליסט־איבער די רעלסן, די קנופּן, די פּאַסן."

אַ פייערפעלדז פליט אונדז אַנטקעגן.

„זיי רואיק, געדענק, זיי געלאַסן.״

אַ סטאַנציע. דער ים. פּוסט און וויסט.
וואָס לויף איך? איך ווייס ניט וואוהין.
דער מולד קוקט מיך נאָך
און שמייכלט — קרענקלעך און גרין.

כ׳האָב מיט רחמנות באַרירט זיינע ברעגן,
געפרעגט אים: וואָס שפּעטסטו פון מיר?
דער מולד האָט ניט געענטפערט,
און ווייטער געשמייכלט צו מיר.

אַ כאַטע טוּקט זיך אין גרעזער.
אַ לעמפּל. אַ ברונעם. אַ ברעט.

מיין נאָמען? מיין מחלה? איך האָב בלויז געבעטן
אַ ווינקל, אַ צודעק, אַ בעט.

די קעלט איז דאָ סודותדיק שטום.
דאָס חשכות צעקרימט די חלומות.
די שחיטות קומען דאָ ווידער אויף.
און ס'האָרכן דאָ אַלע דוממים.

כ'ריים זיך אויף אַ צעהיצטער, אין שוויים:
אַ רעטער טרינקט זיך און שרייט?
געלאַסן, געדענק, זיי געלאַסן,
לערן זיך אָטעמען, אָטעמען אייביקייט.

ער קומט, — צוליב וואָס קומט ער, דער טאָג?

כ'האָב עס קיינמאָל ניט באַגריפֿן.
צעקרימטע — די ווענט, די צוויי שייבלעך,
דער דעמב, און די שפּיצן פֿון שיפֿן.

ס'איז מיר פֿרעמד דאָ — דאָס פֿעלד און די וואָרצלען,
דער ים, ס'בית־הקברות, דער שליאַך.
ס'לעבט דאָ רויִק קין און עשו.
כ'בין אַנטרונען אין מיטן דער נאַכט.

און וואו נאָר איך טרעט — ווערט אַ פֿייער.
הר־מוריה אויף יעדן טראָט.
אַ מעסער. אַ ווידער. אַ מלאך.
אַ פֿעלדז. און דער אָטעם פֿון גאָט.

# ביים אייביקן ברונעם

דאָ שלאָפט די לבנה.
עס שלאָפן דאָ — דריי אוראַלטע שטערן.
און צווישן זיי — אַ הרוג,
אונטער הורבית, ביי דעם אַלטן ברונעם.

קראַנקע זאַנגען לייכטן דאָ.
ווייסע גראָזן וועלקן.
עס ברענען ווילדע קרייטיכער
ווי כתרים, אצבעס, שטיקלעך רעגנבויגן.

און ס'טראַכט צום הרוג, ס'שטומט צום הרוג
דער בלאַסטער, עלטסטער שטערן:

בלויז די פּענטעס פון דעם גוף —
אַוועק אין קאַלכאויוון.
געבליבן איז אַ לויטערקייט
צו דינען דעם באַשעפער —

די פאַלשע געטער צו דערקענען,
צעברעכן, אָפּראַמען,
און מיט בלוט אַ בונד פאַרשניידן
לעולם ולעולמים ועד.

לאַז דיין נפש אויפוועקן,
לאָז דיין זעל אַרויסציען
פון תהום השכחה...

און ס'האָרכט זיך צו צו אָט־דער שטומעניש
דער גאַנצער הויף דער חרובער.
די נאַכט־בלום מינטערט זיך אין טיפעניש פון סם.
די שפּינען וועבן דורך די באַלקנס, ברעטער, ציגל.

הייבט דער בלינדער שטערן אָן
אין זיין גריזער שווייגעניש:

אַ פּאָטערס האַנט האָט אויפגעבליצט,
אַ פייער־מעסער האָט אַן אייביקייט
געענדערט אויף מיין האַלדז.

אַן עולה תמימה זיין אויף דער עקדה...
האָט אָט־דעם נס צעשטערט —

## אַ מלאך און אַ ווידער.

די סאָוועס האָבן אַלץ געהערט,
די נאַכט־פֿייגל — געשוויגן,
און אַלץ איז דאָ געשלאָפֿן,
געשלאָפֿן און געוואַכט.

און צום הרוג האָט אויך געשטומט
דער דריטער שטערן:

מחמת אַ מערדער־ברודער —
בין איך יאָרן נע־ונד געווען.
איך בין מלאָכים בייגעקומען,
און דאָס באַגערטסטע האָב איך יונג פֿאַרלאָרן

און אַן אבל האָב איך ס'גאַנצע לעבן
געניִדערט אינעם קבר.

און דער רוח פון גאָט
האָט געשוועבט איבער אַלע פּנימער
פון גרויסן בראָד.

דורך אַלע רגעס אייביקייט
האָט ער זיך איינגעצויגן
אין צמצום פון דעם קלענסטן שוועמל.

און דורך אַלע רגעס אייביקייט
האָט ער זיך צוריק געשפּרייט —
שטילער פון וואַסער, נידעריקער פון גראָז,

און ביים ברונעם — אָנגעהויבן
הענדן הכנעהדיק זיין שטומעניש
צום בחיר היצורים:

פון טיפענישן תוהו
האָב איך אויפגעוועקט אַ יש.
פון טיפענישן מבול
האָב איך אויפגעוועקט אַ רעגנבויגן.
פייער־תּהומען וועק איך מיט מיין אָטעם.
הימלען שאַף איך מיט מיין הויך.

איך וועק די טיפסטע שרשים פון דיין זעל.
איך וועק אין דיר דעם טיפסטן ניצוץ.
איך וויל מיר דיר אַ נייעם בונד פאַרשניידן...

די לבנה גיסט זיך צונויף מיטן בלוי פון באַגין.
די שטערן צעוואַקסן זיך, בלאַסן.
אָפן — די חורבות, די סאָוועס, די שפּין,
די בלוטיקע גראָזן, מאָרגנליכט־פּאַסן.

און די זון גייט אויף, און דער טאָג קומט אָן.
האָט מען געהערט דאָ תחנונים?
אונטער די חורבות ליגט דער הרוג
ביים ראַנד פון טיף־טיפן ברונעם.

# דער בלינדער

— וואָס זעסטו דאָ, אין קילער שעה פון טאָג?
— עס חלשן די פלאַמען, שטאַרבן אויף די שפּיצן בערג.

— וואָס זעסטו דאָ, אַרום דעם שטילן הויז?
— אַ ווייסער נעפּל קומט־אויף אינעם קילן טאָל.

— שוין צייט זיך זעגענען, ס׳חלומט שוין דער אָוונט.
— עס טונקלען זיך די ברונימער אין ערשטן סוד פון שלאָף.

— ווער וואַרט עס אויפן חושך פון דער נאַכט?
— די צאַרטע נאַכטבלום וואַרט נאָך אויפן ערשטן זילבערשטראַל.

— וואָס האַלט זיך אין איין עפּענען?

— די נאַכט צעעפֿנט איצט די טויערן פֿון אַלע גרונטן.

— מאַכסט־צו די לאָדנס? פֿאַרריגלסט טיר און טויער?

— זאָל דורכגיין דאָ די נאַכט אין אָפּגעשיידטער שטילקייט.

— עס ווילן לאָדנס, ריגלען, דאָ ניט העלפֿן.

— וואָס דען בלייבט טאָן, אויב ניט די לעצטע איינזאַמקייט?

— די האַמערקלעפּ דערגייען, דורך יעדן צאַם און גדר.

— וועלכע צאַמען? וועלכע האַמערקלעפּ?

— דו הערסט ניט? הערסט ניט ווייטע האַמערקלעפּ?

— בייטאָג האָב איך געהערט. מע האָט באַלייגט דעם שכנס דאַך.

— הערסטו ניט די בשורות פון די פלעדערמייז?
— איך זע זיי, נאָר איך קען זיי ניט דערהערן.

— זיי זאָגן אָן: מע גרייט דעם אָרון.
— ווער? פאַר וועמען? צוליב וואָס?

— מע גרייט דעם אָרון פאַרן גואל.
— איז דען פאַראַן אַ גואל?

— די סטרא־אחרא האָט איצט אויפגעכאַפּט דיין קול.
— אַ שוואַרצע פלאַם — ווערט ניט און קומט ווידער.

— דאָס איז עס. זעסט? ניטאָ וואָס צו פאַרריגלען.
— כ'האָב זיך דערוואַרט — אָט איז דער ערשטער גרויסער שטערן.

— דער, וואָס וועט פֿאַרשלינגען אַלע זיבן שוואַרצע שטערן?

— זאָג, וואָס הערסטו איצט? וואָס הערסטו אין דער נאַכט?

— איך הער נאָך אַלץ די קלעפּ אַרום דעם אָרון.

— און איך — איך הער ווי ס'ווערט די שווערד געשמידט אין אַקער־אײַזן.

# צוויי טויבן

דער קלייִנער פּאַרוואָרלאָזטער פּאַרק — ווי מאָדנע, ווי קומט דאָ אַ פּאַרק?

זע די הכנות, זע ווי עס פליִען אָפּ רוישיקע שפּערל:

מחנות נאָך מחנות — אָט הייבט זיך אין ווייטקייט אַ וואָלקן,

אָט וויגט זיך אין הימל אַ סטאַיע.

און דאָ, אין די אָרעמע גרעזער, ציטערן גלאַנציקע פּערל.

דער קלייִנער פּאַרוואָרלאָזטער פּאַרק — בלויז דאָ האַלט דער טאָג אין שטאַרבן?

די מידע צוויי איינזאַמע דעמבעס — פּאַרטראַגן אין שלאָף.

צוויי דערשלאָגענע טויבן — פון וואַנעט? וואוהין?

זיי האָבן זיך דאַ אָנגעטראָפן.

די קילקייט שטילט־איין דאָס צעבראָכענע האַרץ.
דער צאַם איז צעפאַלן, צעבויגן.
ערגעץ־וואו: רוישן־נאָך, שטראָמען־נאָך אויטאָס.
דער טייך איז מיט שקיעה פאַרצויגן.

די דעכער, די טורעמס, די הימלקראַצערס —
ווערן לופטיקער, ווייטער —
פאַרגייען...
און פּלוצים — מיליאָנען פענצטער טוען אַ פלאַקער,
און שטאַרבן אָפּ לאַנגזאַם אין קרומלעכע רייען.

די שטאָט ווערט איינגאַנצן פאַרטראָגן אין נעפּל.
עס צינדן זיך בלאַסע לבנות אין שוים.
איז דאָס דען די וואָר? איז דאָ דען אַ וואָר?
אַז וואָר איז אַ חלום, און חלום איז טרוים.

און פון טרוים שוועבט אַ טויב מיט אַ צווייגל אין מויל.
פון דער תיבה שאַטנט אַ מידע האַנט.
און אַט פליט אַן אַנדערע טויב פון אַ מאַסטבוים אפער —
צו פירן אַ שיף אין אַן אויסגעטרוימט לאַנד.

די נאַכט פאַלט שוין צו. עס נעמט דורך דער נעפּל.
צוויי עלנדע דעמבעס פאַרטראָגן אין שלאָפן.
צוויי אייביק־פאַרשטויסענע טויבן ביים חרובן פלויט —
זיי האָבן זיך דאָ אָנגעטראָפן...

# אַן ערשט-געבוירן לאַם

דער קאָרן וויגט זיך לאַנגזאַם, מילד.

אַט שיינט ער אויף מיט בלענדנדיקן גאָלד, און אַט
פאַרגייט ער גאָר אין טונקל געל.

שטילע כודות פירט דער ווינט מיט דינע, שלאַנקע זאַנגען.

פון וויטן מיניעט דורך — אַ ציטערדיק־צעשראָקענע
גאַזעל.

די בלויע קאָרנבלימלעך, די גאָלדנדיקע פוטערקעפּלעך,
אַנטפּלעקן זיך, און אַט באַהאַלטן זיי זיך ווידער.
און דאָ און דאָרטן וויגט אַ פלאַטערל זיך אויפן שפּיץ פון
זאַנג.

און ס׳ווינט זיך אַלץ אין מילדן רויש פון בליענדיקע לידער.

דער הימל — קלאָר. עס רוען דאָרטן לויטערע מנורות, לוחות,

אַ זילבער־בוים, אַ סטאַדע בלויע שעפּסלעך, אַן ערשט־געבוירן לאַם.

און ווייט, גאָר ווייט, ביים הימל־ראַנד — אַ דינע שורה ביימער־קרוינען

אין אַ גאָלדיק־בלויען פלאַם.

ס׳האָט קיינער ניט דערהערט דעם ווייטן ווינט זיך טראָגן צו דעם קאָרן,

ניט זיין ווילדן היילן, ניט זיין ווילד פאַרגיין זיך — שאַרף און דין.

ווען ס'האָט זיך אויפגעכאַפּט דאָס פעלד —
איז שוין שטום געווען דער פויגל, פלאַטערל און בין.

דער קאָרן איז געוואָרן נעפּלדיק און שווער.
דער שטויב געטראָגן האָט שוין פעדער, זאַנגען, צווייגן.
און פּלוצים קומט אַ פינצטערניש, אַ שווייגן. גרינע
שלאַנגען הייבן אָן צו בליצן.
און אין חשכות האָט זיך דונערדיק צעקראַכט דאָס שווייגן.

דער מבול ווילדעוועט. אַ שטורעם יאָגט דעם רעגן.
יעדע רגע פּלאַצן פייערדיקע שפּיזן.
גיהנום האָט געעפנט אַלע זיינע היילן,
און אַרויסגעלאָזן אַלע ווילדע רוחות, אַלע חסר־דעהדיקע
ריזן.

סאַראַ גוואַלדנדיקע רוגזות, סאַראַ דונערדיק געלעכטער —
אַט ברעכן זיי די קייטן בערג, מיט יעדן נייעם קאַכעדיקן וואַסערפאַל.

אַט רייסן זיי די פעלדזן פון די גרונטן,
אַט שפּאַלטן זיי די ערד, פאַרטראָגן װעלדער כּת־הקל.

די ווייטע שטחים רויך — צעריסן און צעיאָגט אין שטיקער —
מיליאָנען קעסלען פון גיהנום לעשן זיך פון אַלע מבול־ימען.

און ער, דער מבול, טראָגט וואָיענדיק אַראָפּ, אינאיינעם מיט די ווילדע וואַסערן,

פלאַקערדיקע, צישענדיקע הימל־פייערן און פלאַמען.

שוין מער ווי פערציק טעג פאַרביי. דער ראָב פליט אָפּ.
קומט גלייך צוריק.

ס׳קומט אויך די טויב צוריק, און אָט איז זי גאָר דאָ — אַן
אייל־בערט־בלאַט אין מויל.

און זע — די בערג ניטאָ, די צעדער אויסגעריסן,

קיין דאַך, קיין שטאַל, דער ברונעם, קוואַלן — טיף
פאַרשאָטן און פאַרהוילט.

דאָס פעלד? געבליבן בלויז — די בלויע קאָרנבלימלעך,
די גאָלדנדיקע פוטערקעפּלעך.

און אין הימל — אין דעם דורכזיכטיקן ווייסן פלאַם —

אַ גאָלדענע מנורה, לוחות צוויי, אַ זילבער־בוים, אַ ברונעם,

אַ סטאַרע בלויע שעפּסלעך און אַן ערשט־געבוירן לאַם.

# אין פעלד

ווי מאָרגנע ס'איז — זיך אויפכאַפּן אין פעלד, צווישן הויכע זאַנגען.

און מאָרגנער נאָך — צו הערן ווי עס צייטיקט זיך דאָס ברויט אין זיי.

דער הימל טיף. די וואונד אין האַרץ נאָך טיפער.

ווער קען פאַרגעסן דאָ דעם יאָמער? ווער — האָט דאָ געטראַכט נאָר פון פאַרזיי?

אָט איז דער טייך. דערזעלבער — ווי יעטוועדן מאָל אין חלום.

אָט בליצן פייגל אויף זיין האַרץ, אויך זיי דערקענט.

און אָט אַנטקעגן שטייט דער בלויער וואַלד, און האָרכט
און האָרכט.

געדענקט ער דען, וואָס דאָ איז אַלץ געשען?

ווי ביטער, אויסטערליש — די זועלבע בלאַסע וואַסער־
ליליעס. זיי זײַנען וואַך? צי שלאָפן זיי?

די צאַרטסטע ווינטן־בלימלעך צווישן זאַנגען — זיי
לעבן אויך.

אַלץ לעבט — ווי ס׳וואָלט דאָ גאָרניט ניט געשען.

נאָר ס׳האַרץ גייט אויס מיט יעדן אָטעם, גייט אויס, גייט
אויס מיט יעדן הויך.

# אין דער טיפֿער נאַכט

דאָס ספֿר ליגט נאָך אַלץ דאָ אָפֿן, —
דורך שייטערס, און אויוונס, און בלוטיקע סופֿן.

די טונקלקייט אייביקט, די ניצוצות דינע, —
דאָ אייביקן מיר, דאָ אייביקט די שכינה.

איצט רופֿט מען דיך אויף: קער איבער אַ בלאַט.
אין דרויסן מעג שניידן מיט מעסערס דער שבט.

צוויי שטראַליקע הענט אויף דער נאַכטיקער שויב.
אַרום זיי — אַ לייב, און אַ הירש, און אַ טויב.

# אָן אַן ענטפער

דער טייך שטייגט הויך צום מילכוועג,
דער מולד — אין דעם העכסטן עיגול.

כ׳לען אָן מיין האַרץ אָן דיר?
וואָלט כאָטש געלויכטן אונזער נייער זיגל.

איז דאָ אַ סוף צום צער?
ווי ווערט מען ווי אַ שטיין?

חלומען ביז אויסגיין?
און גאָרניט ניט פאַרשטיין?

# אַ שטערן בליט

ברויט און וואַסער, — און די שטילע ברכה,
דאָס איז אַלץ, וואָס מיר פאַרמאָגן.
אַ שטערן בליט אין לערן שייער,
ווערט פאַרשוואונדן, גלייך ביים טאָגן.

דער דיל איז גרייט... די לייכטער צוויי...
דאָס ביסל שטרוי... די טיר איז אָפן...
זייט שטילער... טראָגט אַריין די דעק...
דער תהלים־ייד — זאָל ער נאָך שלאָפן.

די ביינער וועקן זיך ניט מער.

פֿון חושך ווערן בלינד די אויגן.
אַ גאַנצע וועלט, פֿאַרגייט, פֿאַרשווינדט.
און אַלץ מיט שווייגן ווערט פֿאַרצויגן.

ברויט און וואַסער — און די שטילע ברכה.
דאָס איז אַלץ, וואָס מיר פֿאַרמאָגן.
אַ שטערן בליט אין לערן שייער,
און גייט אויס שטיל אין די פֿאַרטאָגן.

# קדמוניש סייגן

מיטנאַכט הויערט אויף די שטילע וואַסערן.
עס וועלקט דער מולד אינעם טאָל פון טויטע שאָטנס.
ס'פאַרגייט דאָס האַרץ, אינאיינעם מיטן שימער פון די שטערן,
און לייזט זיך אויף אין ווייטיק ביז די ווייטסטע הימל־זאָטן.

ווי קען עס זיין? — זע, זע, אָט קומען־אויף אין
פינצטערנישן — שטחים לעבעדיקע גראָזן.
זיי לויכטן מיט אַ גינגאָלדענער בלויקייט — חלומדיק פאַרטראָגן.
און אַלץ אַרום טרעט־אָפּ, פאַרגייט, און אָט גאָר בלויע

קוואַלן, אָט גן־עדן וועלדער.

און דו — דאָס האַרץ צעאַשט — זוכסט אַ טרייסט, און

גראָבסט אַלץ טיפער אין קדמונישע סייגן.

וואָס טיפער אין די דורות — אַלץ לעבעדיקער אַלע
חלום־גראָזן.

חלוצים — ווידער שטילע וואַסערן, ווידער טאָל פון
טויטע שאָטנס.

אַ גאָט, — דאָס לאַנגע שטאַרבן פונעם מולד.

שטערן־שימער ווייטערט זיך אַוועק, און ווערט נעלם אין
די ווייטסטע הימל־זאָמען.

ווי ווערט מען פריי פון נאַכט? פון חשכות אייביקער?

אַט ציטערט־איך אין טויטע וואַסערן אַ ברענענדיקער דאָרן.

איז וואָס צו יאָמערן? אפשר וועט אַ שטים דערהערן זיך?

צו וואָס דאָס ניי־געבורט באַשווערן מיטן צער־און־צאָרן.

באַצווינג מיט גוואַלד דעם ביינער־מאַרך, באַצווינג — דעם אינגעווייד —

דערחלומען אַ חלום פון נייע לעבעדיקע ריינע ליכטער.

פאַריאָג די טויטע טייכן, פאַרוויש די ימען בלוט,

און בוי דיין לעבן איבער — זאָל עס אויפגיין מיט די

ריינסטע שליאַכן, מיט די ליכטיקסטע געזיכטער.

קיין תשובה איז ניטאָ. ס'איז שטיל, ווי פאַר אַ שטורעם —

דער וויסטער ברעג, די הויפנס אַש.

און דאָך — אָט הער זיך צו — עס רוישט אַ גוואַלדיק רוישן וואו,

ווער רופט עס? איז דאָס אַ קויל וואָס ברענט אין ווייטע ספירות?

ווער שרייט? ווער ווערט אַנטשוויגן? וואָס איז געשפּאַנט אַזוי די חושכדיקע רו?

און ס'קומט אַראָפּ אַ פייער. און ס'קומט אַראָפּ אַ מבול.

פאַרשניטן און פאַרטיליקט איז דאָס גאָלדנדיקע גראָז,

אינאיינעם מיט דער מוטער און דעם קינד.

און דער ביינער־מאַרך, דער אינגעווייד שרייט מיט גאַל:

— „פאַרוואָס האָט דאָס דאָ אַלץ געטראָפן — מיט מענטש און בוים און זאַנג און רינד."

ס'איז בלויז געווען אַ וויסטער חלום: אָט שטייט אַ מלאך
מיט אַ ברענענדיקן שטעקן אין דער האַנט.

און מחנות ווילדע גרילן מסרן, צעטראָגן זייער שרייען:

— „ער האַלט זיך דאָרט אין קעלטער, זיך מציל זיין דאָס לעבן,

„און לאָזט די גראָזן דאָ אויף הפקר, און אַלץ איז אים — לית דין, לית דיין."

האָט אים געפרעגט דאָס געטלעכע געשטאַלט:

— „וואָס טוסטו אינעם קעלטער? איך וויל דיר אויפשטעלן אַ נייעם היכל".

האָט ער געענטפערט: „איך וויל ניט מער קיין שום
היכלות. אָט איז מיין האַרץ, אָט איז מיין מויל.

און דער ברענענדיקער שטעקן האָט אים אָנגערירט. און
פוןביידע איז פאַרשוואונדן יעדער זכר.

און אַט גאָר ווידער: „איך האָב ניט מורא ווערן יעדן מאָל
אויפסניי פאַרברענט,

„מעגסט מיך פייניקן מיט גאַלוואַסער, און מיט
פאַרסמטן שרויט,

„און כ׳וויל ניט זאָלסט מיך שטענדיק ווידער מציל זיין.

„מיך אַרט ניט אייביק איינשטעלן די זעל צום טויט.

„איך ווייס ניט, ווי אַזוי איך שטיי־אויף פון דער כּף־הקלע,

„מיך אַרט ניט מער — ניט דין, ניט רחמים, און ניט
וואָג־און־מאָס.

„נאָר כ׳וועל שוין קיינמאָל מער ניט אָפּטרעטן פון דיר,
און אייביק מאָנען:

„פאַרוואָס האָט דאָס אַלץ דאָ געטראָפן? פאַרוואָס?
פאַרוואָס?"

און דאָ גאָר קומען ווידער אויף אין פינסטערנישן —
פעלדער גאָלדנדיקע גראָזן.

זיי לויכטן מיט אַ הימל־בלאַסקייט — חלומדיק פאַרטראָגן.

און אַלץ אַרום טרעט־אָפּ, פאַרגייט, און אָט־גאָר

לויטערדיקע קוואַלן, אָט גן־עדן וועלדער.

און דו — דאָס האַרץ צעאַשט — זוכסט אַ טרייסט, און

גראָבסט זיך טיפער, טיפער אין קדמונישע סייגן.

# אַנונגען

די ביימער זילבערנע ביים טייך —
ווי פאַרכטיק שטיל איז איצט דער דעמער.
אין מערב — האַרט אַרום דעם בראַנד
שלאָפן רואיק אומטלעכע לעמער.

די הימל־שטעגן — רויט, פאַרגאַפט,
קוים־קוים שטראַלט־דורך אַ ליכט אַ העלס.
דער לעצטער אָדלער — פול מיט אַש,
אַנטרינט, פאַרשווינדט ביים וויטסטן פעלדז.

אָ האַרץ — נאָר רואיק, — רואיק, האַרץ,

עס רעגנט זיך וואו אַ טרייסט, אַ טרוים.
ס׳וועט אפשר אויפגיין פון דער טיף
אַ נייע בייט אין נעפּל־שוים.

איז דאָס אַ טרייסט? איז דאָס דער זין?
פאַרהילן וועט אונדז נאַכט אין שלאָף —
די ביימער זילבערנע, דער טייך —
און פאָרכטיק שטיל וועט זיין דער סוף.

# אין דעמער-בלוי

מיר האָבן דאָ געוואַרט, אין ליכט געוואַרט, אין
פינצטערניש געוואַרט.

דער טייך איז שוין ניטאָ, שוין אויסגעטריקנט לאַנג.

דער וואַלד פאַרלענדט — די וואוינער זיינע — לאַנג
פאַרשוואונדן.

געבליבן איז בלויז ווילדגראָז, חרובער געצוויג, געבליבן
עקדיש, שלאַנג.

קאַיאָרן האָבן אויפגעלויכטן, צעצונדן זיך אויף אַלע
פעלדן.

געוואַרט — און אפשר וועט אַנטפּלעקן זיך פאַר אונדז
באַשייד.

מיר האָבן אין די שטומע שרפות געזען בלויז דיינע טריט.
מיר האָבן בלויז געזען די ברענענדיקע פאַלדן פון דיין
שטראַלן־קלייד.

אין מיט פון גרויסע שטורעמס האָבן אָפטמאָל
אויפגעפלאַקערט אימהדיקע שייטערס.
און נאָכדעם — אין די שלאַקס־רעגנס געזען אויך
דורכלויכטן דיין גלאַנץ.
און ווען עס האָט זיך אַלץ שוין ווידער איינגעשטילט,
האָבן מיר געזען די שאָטנס דיינע רוען — אונטער יעדן
נייעם ביימל, בלום, און פלאַנץ.

ווען טאָגליכט איז געשטאַנען מילד און צאַרט, און נאַכט
געשטאַנען איז — צעשראָקן און פאַרבליפט,
האָבן מיר פון טיפסטער טיפעניש גערופן דיך, מיט טרערן,
מיט תחנונים, און צומאָל מיט גאַל.

גערופן האָבן מיר אין טאָג, ווען ס'איז דיין גאַנצער סדר
זיך צעפאַלן.

גערופן האָבן מיר פון גיא צלמות, פון שאול, פון כף־הקל...

איצט קומסטו קלייבן די פאַרדאַרטע ריטער,
אויסגעפליקטע צווייגן...

פאַרוואָס ערשט איצט? פאַרוואָס אין דעמער־בלוי?

פאַרוואָס אין ווייטע פעלדער ביי די פעלדזן־ווענט?

האַרבסטיק, טרויעריק — דיין טראָט, דיין בייגן זיך, דיין שווייגן.

און זע — ס'ווערט בראַנדיק־גאָלד, ס'ווערט ליכטיק און

עס בליט גאָר ווידער אַלץ

אונטער דיינע הענט.

# ערשטע גראָזן

דער מילכוועג -- פּייערלעך, און שטיל, און רחבותדיק,
די זילבערנע לבנה שיינט אַראָפּ, מיט רואיק־
שטראָמענדיקע לייטערס.
מלאָכים נידערן און שטייגן, זייען שטערנדיקע זריעות,
און ס׳טיפּט אַ לויטערע די נאַכט... טיפּט דורך שטערן...
ווערט אַלץ אויסגעשפּרייטער.

דער מילכוועג עפנט זיך — אַזויפיל בליענדיקע שטעגן —
זיי ווערן אַלע דורכזיכטיק — אַ ווייס און לויטער פייער.
עס שוועבן שטיל אַפער מלאָכים־שאַרן נאָך מלאָכים־
שאַרן.

און זע — אין הימל שלאָפן לעמער ערשט־געבאָרענע,
ביי די פיס פון געטלעכן באַפרייער.

די שטראַליקייט פון זיינע פיס האָט אויך דערגרייכט די
חורבות.
ווי פיינלעך ס'איז, צו עפענען די האַלב־שוין־בלינדע אויגן.
ווער דאַרף חזיונות? ווער דאַרף זיי דאָ, אונטער די חורבות?
און ווידער האָט אַ טויטע מידיקייט די אויגן מיט אַ
פינצטערניש פאַרצויגן.

איז דאָ נאָך ווער, וואָס הערט נאָך אַלץ דעם הויך פון
גסיסה און געבורט?
און וואָס מיינט איצטער — טויט? און וואָס מיינט איצטער
— וואָך?

און ס'שרייט אַ קול: „איך וויל דעם אָנהייב זיך דערמאָנען.

כ'וויל זיך יעדן טויט דערמאָנען."

און ס'האָרכן אַלע שׂרפים און אופנים, ס'האָרכן דעם

באַפרייערס פּיס, ס'האָרכט די גאַנצע שטערנדיקע נאַכט.

די לאַנגע גרויסע נאַכט... דער הימל אָפן... און דער

מילכוועג... און די פייערשטראָזן...

די זילבערנע לבנה שיינט אַראָפּ, מיט רואיק־
שטראָמענדיקע לייטערס.

מלאָכים נידערן און שטייגן, — זייען שטערנדיקע זריעות,

און ס'גאַפט אַ לויטערע די נאַכט, — און טיפט, דורך

ווייטע הימלוועגן, טיפט אַלץ אויסגעשפּרייטער.

ס'איז ביטערער ווי טויט, דערפילן פלוצים — אַלץ איז

בלויז אַ חלום, אַלץ איז בלויז אַ טרוים.

און ס׳כאַפּט אַרום אַן אימהדיקער חידוש — צו דערהערן,

אונטער חורבות, שאַרף דערהערן —

ווי ס׳וואַקסן, וואַקסן־אויף די ערשטע גראָזן,

גלייך ביים שטיין, ביים שטיין פאַרבאָרגענעם, גלייך ביי דעם אבן שתיה.

און אינעם שטילן וואַקסן, הערט מען ווייטע קולות פון מלאָכים:

„ביים גרונטשטיין, ביים פאַרבאָרגענעם יסוד, איז דער

נייער שפּראָץ באַשירעמט און באַשיצט.״

און ס׳ענטפערן גערוישן, קברימדיקע, צאַרניקע גערוישן:

„איז דען דער שם נאָך אַלץ דאָרט איינגעקריצט?״

און ס׳קומט קיין תשובה ניט. דער מילכוועג — פייערלעך.

און שטיל, און רחבותדיק.

י זילבערנע לבנה שיינט אַראָפּ, מיט רואיק־

שטראָמענדיקע לייטערס.

זלאָכים נידערן און שטייגן, זייען שטראַלנדיקע זריעות.

זן ס'טיפּט אַ לויטערע די נאַכט... טיפּט דורך שטערן...

ווערט אַלץ אויסגעשפּרייטער.

# נאַכטיקע אומרו

ס'עב גליט אַ שטערן אין דעם דינעם נעפּל.
איבער אונדז — אַ בלייכער רעגנבויגן וואַכט.
דער ים איז שטיל. די שיפן שטייען גרייט.
וואָס וואַרט מען, וואָס? וואָס אומרואיקט די נאַכט?

דריי פייערדיקע צעדערס רייסן זיך צום הימל.
עס שאָטענען די בערג אין ווייטקייטן אַוועק.
דער ים איז שטיל. די שיפן שטייען גרייט.
וואו איז דער גואל? גיי רוף אים, וועק אים, וועק...

דאָס וויגנדיקע נאַכט־גאָלד טוקט זיך אין די זאַנגען.

די ווייסע שטראָזן ליגן אָפּן פֿאַרן סוד.
דער ים איז שטיל. די שיפֿן שטייען גרייט.
וואָס האָט אַ בליץ געטאָן? וואָס הערט מען ניט קיין טראָט?

אַ מעווע איז אַרויסגעפֿאַלן פֿון דער סטאַיע.
אָט ליגט זי אין איר בלוט ווי אין אַ סם.
דער שטערן האָט זיך אָפּגעריסן אינעם הימל,
און פֿאַרשוואונדן איז ער ווייט אין ים.

וואָלקנס גליען אין דעם שטילן נעפּל.
איבער אונדז — דער בלייכער רעגנבויגן וואַכט.
דער ים איז שטיל. די שיפֿן שטייען גרייט.
וואָס וואַרט מען נאָך? עס אומרויִקט די נאַכט...

# דער ברודער

פייערלעכע בלויקייט... גן־עדן הימל...

דער רעגנבויגן רוט אַ ווייט־צעשפּרייטער איבער אַלע הימל־שטחים.

דורכן רעגנבויגן — פייערדיקע קרייזן שטראַלן־אויף,

צעוואַקסן זיך, פאַרגייען, שטראַלן ווידער אויף.

און פעלדער — גליאיקע לבנה־שטויבן... ווייטע פעלדער, אומענדלעכע מרחקים.

וואָס חלומען די בלענדנדיקע, אייז־געשמידטע פעלדזן?

אַ שווייגעניש — אַ שווייגן רוט דאָ, רוט דאָ אָן אַ סוף.

איז דאָס אַ זיין? איז דאָס אַ ווערן? איז דאָס אַן אייביק־נייע מעשה־בראשית?

עס איז אַ חלום... ניין, עס איז אַ וואָר: אייביקייט און אין־
סוף וואַכט דאָ, וואַכט אין יעדן שלאָף.

פֿון צייט צו צייט — ווי ס'וואָלט געוועזן גאָטס געבאָט —
בליט־אויף דורך אַלע מילכוועגן — אַ דורכזיכטיקער,
פֿייערדיקער וואָגן,
בליט אויף, צעגליט זיך, שטראַלט — און לעשט זיך
לאַנגזאַם און פֿאַרשווינדט,
און ס'בלייבט אַ דורכזיכטיקע זילבערנע לבנה, קוקט אַראָפּ
— אויף די שטחים בלענדנדיקע אייז־
געשמידטע פֿעלדזן.

און שטיל... און אייביקייט... און יראה...
גאָטס פּראַכט האָט אַלץ פֿאַרנומען, די טיפֿע
אומפֿאַרשטענדלעכקייט האָט אַלץ פֿאַרנומען,

פאַרנומען האָבן אייז־קעפּ, טאָלן אייזיקע, ווילדע ווייסע
וועלדער איבער אַלע פעלדזן־רוקנס.
ביז ס'האָבן זיך דערהערט די ערשטע ציטערנישן, ערשטע
אָפּהילכן פון אימהדיקע קולות.

צווישן שפּאַלטן, טיף אַראָפּ־אַראָפּ, אין טיפסטן תהום,
וואַרפט זיך דאָרט און ווילדעוועט אַ חיה־רעה,
מיטן שוואַרצן ברענענדיקן צייכן אויפן שטערן,
שרייט און ווילדעוועט צווישן ווידמענדיקע שרצים, צווישן
שווייבלענדיקע וואָלקולאַנען.

און אָט פאַרגייט די חיה־רעה זיך אין קלאָגן, טרעט, און
שטעלט זיך אָפּ, — און טרעט ווידער צו:
„האָסט מיך אָפּגענאַרט — טייל זיך אָפּ פון פעלדזן,
באַווייז זיך, קום נאָכאַמאָל אַרויס.

„דו ווילסט דאָך שטענדיק זיין אַ קרבן, שווער איד, —
דאָס מאָל וועט קיין סימן שוין ניט בלייבן.
„אַנטפּלעק זיך, קום אַרויס, איצטער וועט עס זיין — דאָס לעצטע מאָל".

און פּלוצים — ס'טוט אַן עפן זיך אַ שיכט אין פעלדז...
ס'שטייט הבל אַ צעשטראַלטער...
און קין גיט זיך גלייך אַ לאָז אויף אים...

— — — — — — —

ליגט איצט קין ווידער אין זיין זומפּ, קין ווילדעוועט שוין
ווידער מיט באַנומענדיקסטע קולות.
און הבל שטייט אין פעלדז, אַ חרובער, אַן אומגליקלעך־
צעשטראַלטער...

און אויבן — פייערלעכע בלויקייט... אַ גן־עדן הימל...
און שטענדיק בליט־אויף דורך די שטערנדיקע פעלדער
— אַ דורכזיכטיקער, פייערדיקער זאַנג,
בליט אויף, צעגליט זיך, שטראַלט — און לעשט זיך
לאַנגזאַם און פאַרשווינדט.
און ס'בלייבט בלויז די לבנה — גרויס און בלאַס, קוקט
אַראָפּ, קוקט אויף אַלע פעלדער,
קוקט אַראָפּ אין אַלע תהומען.

# דער אָפּטריניקער

מיט אַ צעווייטיקט האַרץ האָב איך אויסגעדרייט צו אים
מיין פּנים.

אין ליכט פון לעצטן שטערן איז ער געזעסן — רואיק, טויט.

כ׳האָב שטיל געזאָגט:

„כ׳פאַרשטיי איך ניט —

„אָט זייט איר טויט, און אָט גאָר זאָגט איר מיר,

„אַז כ׳בין דער לעצטער, מיטן לעצטן וואָרט אין מויל״.

דער טייך האָט מיד געגלאַנצט — מיט שוועבל־פלעקן,
גליענדיקע שפּיזן.

וואָלקנס זיינען מיד געשלאָפן גאָר ניט ווייט אַרום דעם
געלן שטערן.

ווייסע גראָז, ווייסע קרייטיכער — געבויגן און צעטראָטן.
און ער איז שטיל געזעסן — רואיק, טויט.
האָב איך געשעפּטשעט אַ פאַרלוירענער:
„אָסור מיר, כ׳פאַרשטיי אייך ניט —
שוין דורות ווי איך זע אייך — אין פאַרשיידענע לבושים,
אָט לעבעדיק, אָט טויט".

פּלוצים האָבן גרויסע פליגל דאָ פאַרבייגעשוועבט.
גאָר אַ נאַכטיגאַל — האָט זיך ווילד צעטרעלט.
די גרילן האָבן זיך ווי אויפגעכאַפּט,
גענומען פילדערן און זעגן:
„דו ביסט דער לעצטער, מיטן לעצטן וואָרט אין מויל.
„דער מת, דער מת, ס׳איז אַלעמאָל גערעכט דער מת וואָס לאַכט".

האָב איך זיך איינגעקוקט אין אים.

[illegible]רחאָר — ער זעט אויס ווי ער לאַכט.

האָט ער דערפילט מיין שטוינענדיקן בליק?

ער האָט געזאָגט: „אוודאַי איז אַזוי... אוודאַי..."

דער ווייטער שטערן עלנדער האָט אָנגעהויבן בלייכן.

אַ בלאַסע רויטקייט בליט קוים אינעם מזרח.

כ'קער ווידער אויס צו אים מיין פּנים — דער מת איז גאָר ניטאָ.

און לאַנגזאַם גייען־אויס אין טייך די פלעקן, פייערלעך,

די גלינדיקע שפּיזן.

איך האָב אַוועקגעשלייכט צוריק צום האַר, צו אונדזערן געביטער.

די גרויסע סעודה האָט זיך דאָרטן ערשט געהאַט
געענדיקט.
און ס׳גייען דאָרטן ווילדע טענץ און פריצות, הפקר־
געוואַלדן.
האָב איך מיט ביטערקייט געטראַכט: און דאָס הייסט
ביי זיי — לעבן.

האָט מיך באַמערקט אַ נייער שר, אַ נושא כלים, אַ
מאַרשאַליק.
ער האָט זיך פלינק פאַרנייגט, און חניפהדיק אַ זאָג געטאָן:
„צו שפּעט, מיין הער, צו שפּעט...״
ער גלייכט זיך אויס, און זע —
ווי קומט ער גאָר אַהער?
דאָס איז דער מת, זיין פּנים — רואיק, טויט.

איך ווייס ניט ווי אַזוי איך בין אַוועק פון דאָרט.

איך האָב פאַרקליבן זיך אין ווייטסטן בוידעם־שטיבל.

און יאָרן ווי ער קומט דאָ אינעם הויף, ניט דורכגעלאָזט קיין נאַכט,

און אַלעמאָל צו חצות, און קלאַפּט דאָרט אונטן אין דער רינווע:

„דו ביסט דער לעצטער, מיטן לעצטן וואָרט אין מויל.“

און נאָך די גוואַלדן זיינע — קומט די שעה פון פחדימדיקער רואיקייט,

ווי ס׳זיינען שטיל און רואיק אַלע שטומענישן נאָך אַ מאָרד.

דאָס האַרץ, דאָס איינגעפאַלענע, צעעפנט זיך אין תהום

פון אַלע פריערדיקע דורות.

איז האָרכסט, און האָרכסט דורך אַלע צייטן
און פֿאַרנעמסט די טיפֿסטע שטילקייטן, פֿאַרנעמסט,
פֿאַרנעמסט די אייביקייט.

# די זיבן פאַסטעכער

די הינער שלאָפן אין די שטעלכלעך,
ווי ס'וואָלט דאָ גאָרניט ניט געשען.
קערנער — אין די פייכטע גראָזן,
פאַרגעסענע, פאַרלאָזן.

פויען דרעמלען אויף די וויסטע פעלדער,
פאַריתומט ליגן אַלע וועגן.
אַ חלום איז געווען דער ווילדער טאָג,
דער פתרון — ווער איז דאָ? ביי וועמען פרעגן?

ביים ברעג פון אַלטן צעדער־וואַלד —
צעפראַלטע שטאַלן אין דער נאַכט.
אין הויז איז אָפן טיר־און־טויער.
ס'איז פון קיינעם ניט באַוואַכט.

אין אַנגסטן שטייט אַ הירש ביים וואַסער,
ציטערט פאַר דעם בלאַסן שטערן.
באַרג און טאָל — פאַרהילט אין נעפל.
דעם פּתרון — ווער קען אים דערקלערן?

אומגעריכט קומט אָן אַ שלאַנג,
גנבעט זיך צום הויז, צום אָרון,
פּלוצים — בלייבט אַ טויטע ליגן,
שטראַלט־אויף לעבן איר אַ דאָרן.

קומען קולות פון דער ווייט:
„שומר, מה מלילה? שומר, מה מליל?"
ענטפערט נאָר דאָס אַלטע הויז:
„איך בין פותר, איך דערצייל".

און ס'הייבט זיך אויפוויקלען דער חלום:
די נאַכט וועט באַלד, וועט באַלד פאַרגיין.
און ס'שטראַלן־אויף די זיבן וועגן —
די קומען, קומען שוין צוגיין.

## פון דעם זעלביקן מחבר

לידער, פאַרלאַג איגזיד

אונדזער פיערא (לידער), פאַרלאַג יידיש לעבן

מסעות פון לעצטן שאָטן (לידער), פאַרלאַג יידיש לעבן

ביים ראַנד (לידער), פאַרלאַג באָדן

אַ שטערן בליט (לידער), פאַרלאַג מ. וואַקסער,
מיט דער מיטהילף פון דוד איגנאַטאָוו ליטעראַטור־פאָנד

יידישע קלאַסיקער פאָעטן, פאַרלאַג באָדן

סיסטעם און רעלאַטיווקייט אין פאָעזיע (וועגן מיכל ליכטן),
פאַרלאַג יידיש לעבן

אברהם רייזען (דער דיכטער פון ליד), פאַרלאַג באָדן

אליה בחור און זיין בבא־בוך, פאַרלאַג מ. וואַקסער

גליקל האַמעל (1645־1724), פאַרלאַג מ. וואַקסער
מיט דער מיטהילף פון דוד איגנאַטאָוו ליטעראַטור־פאָנד

## אין דרוק

ליטעראַרישע וועגן (עסייען): — מענטשלעכע, אברהם גאָלדפאַדען,
י. ל. פרץ, דוד פינסקי, יוסף ראָלניק, ה. רויזענבלאַט,
א. לעיעלעס, בערנאַרד לואיס), צבי קעסעל־פאָנד ביי
דער קולטור־קאָמיסיע פון יידישן צענטראַל־קאָמיטעט
אין מעקסיקע

N. B. MINKOFF

# BLOSSOMS A STAR
(Poems)

Published by
M. Vaxer Publishing Co,
143 Division Street
New York 2 N. Y.
and the
David Ignatoff Literary Foundation, Inc.